# קאָנסטיטוציאָן

— דער —

# חברה עין יעקב

## אנשי בראנזוויל.

געגרינדעט אם הוה״מ סוכות שנת תר״ס לפ״ק.

דרוק פאן י. יאזעפֿכאן, 1774 פיטקין עוו. בראנזוויל.

1904.



# אינהאלטס פערצייכניס





# הקדמה.

אונזער תורה הקדושה זאָגט אונז מיט דיעזע ווערטער: „ולעבדו בכל לבבכם“ וויר זאָללען גאָטט דיענען מיט אונזער גאנצען הערצען. דיא גמרה פרעגט אין מסכת תענית “איזו עבודה שהיא בלב?“ וואס הייסט ארבייט, עס זאלל זיין מיט דאס הערץ? הוי אומר זו תפילה, מיר מוססען גאט דיענען מיט אונזער געבעט. אונזער קעניג דוד זאָגט: „אלהים נצב בעדת אל“ דער הערר גאָט געפינט זיך איממער אין איינע געטליכע געמיינדע. ווען מיר זאלען אויסגיסען אונזער געבעט אונד דאָס זאלל זיין עבודה בלב, איינע הערצליכע ארבייט, דארר־פען מיר איממער מיט איינע געטליכע געזעלשאפט צוזאמען איין געמיינדע שליסען, דאן, וועט דער הערר גאטט ריכטיג אונזערע געבעטע הערען אונד זאָ וויא מיר אין דיעזען לאנד פערוואנדערט אונד אונזער געוואָהנהייט פון צו־הויזע, אונזער געבעט געמיינשאפטליך אפצוהאלטען, דארום האָבען מיר

זיך פעראייניגט צו גרינדען א חברה מיט איהר הייליגען נאמען: „חברה עין יעקב אנשי בראנזוויל“; איין ברידערליכען בונד, איין בונד גאטט צו דיענען מיט תפלה אונד תורה; איין בונד פון פריינדשאפט אויסצוהעלפען איינער דעם צווייטען. ווען ח״ו ווער אין נאטה איזט, ווען ווער פון דיא ברידער ח״ו קראנק איזט, אדער ח״ו ביי טאדעס־פאלל ר״ל צו העלפען צו בעשיצען מיט ראטה אונד טהאט; וויא אויך צו זארגען פיר דיא אלמנה ויתומים. דארום קריצען וויר אונזערע פפליכטע אונד געזעצע מיט איינען שטארקען בונד אויף איממער. בזכות זה וועט אונז השי״ת העלפען אין אונזערע וועגען אונד אונז אויכהיטען פון אללעס בעזעס, ושלום יהיה לנו ולכל ישראל אמן!



# קאנסטיטוציאן.

ארטיקעל 1.

## נאמען אונד שפראכע דער חברה

§ 1. דער נאמען פאן דער חברה זאָל גערופען ווערדען:

## „חברה עין יעקב אנשי בראנזוויל“

דער נאמען קען ניעמאלס געענדערט ווערדען.

§ 2. ווען דיא חברה ציילט נור 10 גוטשטעהענדע מיטגלידער אונד זיי ווילען דאס דיא חברה זאל בלייבען חברה, דאן קען ניעמאלס דיא חברה צערטהיילט ווערדען אדער צערשטערט ווערדען.

§ 3. דיא חברה מוס געפיהרט ווערדען דורך דען פרעזידענט, וויים-פרעזידענט, 3 טראָסטיעס אונד סעקרעטער.

§ 4. דיא אלע ביכער אונד פראטאקאלען מוסען געפיהרט ווערדען אין ריינעם אידישען שפראך (זשארגאן).

§ 5. דיא מיטינגס פאן דער חברה זאל אב־געהאלטען ווערדען אללע 14 טאגע, שבת אבענד אם זאממער האלב נאך 8 אוהר, אם ווינטער האלב נאך 7 אוהר, אונד זאָבאלד דיא מאדזשאָריטי פאן דיא בעאמטען אונד מעמבערס צוזאמען 10 מיט־גלידער זיינען, דאן ווירד דער מיטינג געזעצליך ערעפענט.

§ 6. יעדער ברודער קען אן פראטאקאל פרע־גען, נור דער ברודער, וועלכער וואר אבוועזענד ביי דער לעצטער פערזאמלונג, דער האט קיין וואָרט אין פראָטאָקאַל, נור אויפקלעהרונג קען ער פאָן פרעזידענט פאַדערען.

§ 7. דער פרעזידענט, ביים ערעפענען דעם מיטינג, מוס מיט דעם האמער־שלאג אנקונדינגען אונד אלע ברידער מוסען אויפשטעהען אונד דאן מיט דעם האמערשלאג וויעדער צום זיטצען צו בערופען.

ארטיקעל 2.

# מיטגלידער אויפנאהמע.

§ 1. איין קאנדידאט, וועלכער וויל אריין אין אונזער חברה מוס איין יהודי זיין מיט איין אָרענט־ליכען, גוטען בארַאקטער אונד ניט וויינינגער פון

18 יאהר אלט, אונד ניט עלטער וויא 40 יאהר זיין. אונד מעהר וויא 40 יאהר, איז נאָך דעם בעשלוס פאָן דער חברה.

§ 2. דער קאנדידאט וואס ווערט פאָרגעשלאַגען מוס ער אונד זיין פאמיליע קערפּערליך אונד גייסטיג געזונד זיין אונד פערהייראט כדת משה וישראל אונר אייביל צו זיין צו מאכען איין אנשטענדיגען לעבען.

§ 3. ווען איין מעמבער איין קריסטליכע פרוי נעהמט אָדער ווען ער זיין געזעצליכע פרוי פערלאָזט ניט כדת אונד נעהט לעבען מיט א צווייטע פרוי, דאן איז ער געזעצליך פון אונזער חברה געשטריכען אונד ער קען קיין זאך פאָדערען.

§ 4. ווען איין מעמבער שלאגט פאָר איין קאנ־דידאט מוס ער אנגעבען זיין געשעפט, וואָהנונג, אלטער, דיא צאהל פון זיין פאמיליע, דיא געזונד־הייט פאן איהם אונד פאמיליע. אונד דער פּרעזי־דענט דארף אפּאָינטען 2 גוטשטעהענדע ברידער אלס קאָמיטע צו בעריכטען וועגען דעם קאנדידאט אונד דאס קאמיטע מוס בעריכטען וויא געזעצליך איזט. אויך מוס ער ברייננען איין דאָקטאָר אטעסט פון זיך זעלבסט, פון דעם דאָקטאר וואס בעלאנגט צו דיא חברה.

§ 5. דאס אנטריטס געלד פיר איין קאנדידאט זאל זיין, פאן 18 ביז 30 יאהר, 1 דאללאר, און פאן 30 ביז 40 יאהר, 2 דאללאר. אויסער דעם מוז יעדער קאנדידאט 2 דאלאר פיר קרקע בעצאהלען—נעמליך: 1 דאללארביים אריינקומען און 1 דאללאר נאך איין יאהר. יעדער קאנדידאט מוז 50 כענט פארשלאגס־געלר פאראויס בעצאהלען.

§ 6. ווען איין קאנדידאט אדער איינער פאן זיין פאמיליע האבען איין קראנקהייט וואס דיא חברה האט דאפאן ניט געוואוסט ווען ער איזט אנ־גענאמען ווארדען אין דער חברה, דאן, ווען ער אדער ח"ו איינער פון זיין פאמיליע שטארבען פון דערזעל־בער קראנקהייט פאר איין יאהר, זינד זיא ניכט בערעכטיגט צום בענעפיט פאן חברה לבד קרקע.

§ 7. יעדער נייער ברודער אין דער חברה, ביז 6 מאנאט פאן זיין איינקויפען זיך, בעלאנגט ניט צו קיין בענעפיט פאן דער חברה לבד קרקע ווען ער האט בעצאהלט, און ווען ער האט ניט בעצאהלט אונד ער ברויכט ח"ו דיא קרקע, דאן מוס ער בעצאהלען.

§ 8. איין ברודער, בעפאר 6 מאנאט קען קיין אמט בעקליידען לבד סעקרעטער.

§ 9. יעדער ברודער אונד נייער קאנדידאט

מוס 25 סענט געבען פיר איין קאָנסטיטושיאָן־בוך פאן דער חברה.

§ 10. יעדער נייער קאנדידאט מוס זיך נאך קאנסטיטושיאן פאן דער חברה פיהרען.

§ 11. יעדער ברודער מוס 1.20 דאָל. קווארטאל־בייטרעגע בעצאהלען צו יעדע 3 מאָנאט אונד ער קען דאס מאָנאטליך אויך בעצאהלען ווען ער וויל נור. צום גענעראל מיטינג מוס בעצאהלט ווערען.

§ 12. קווארטאל איזט 15טען חשון, 15טען שבט, 15טען אייר, 15טען מנחם אב.

§ 13. דיא לעצטע איינצאהלונג איזט דינסטאג נאך דעם גענעראל מיטינג, אונד ווען ער בעצאהלט ניט, דאן איזט ער אם ריער.

§ 14. יעדער ברודער איז געטעקסט מיט 2 דאלאר נדרים ונדבות בייצוטראגען דורך דעם יאהר, אונד דער יעניגער וואס שנדר׳ט מעהר וויא 2 דאל. מוס אלעס בעצאהלען און דיא 2 דאל. ווערט אריינגערעכענט אין דיא שנדר־געלט און דיא אלע געלדער מוס אריינגעטראגען ווערען ביז עי״כ. דאס־גלייכען דאס געלט פיר עליות פון א גאנץ יאהר. אויך פיר דיא עליות ונדרים פון ר״ה מוס אלעס עי״כ בעצאהלט ווערדען.

§ 15. דער יעניגער ברודער וואס ער איז אויסער ברוקלין איזט געטעקסט מיט 1 דאלער נדרים ונדבות

דורך דעם יאהר און ער מוס דאס בייטראגען ביז ע״כ.

§ 16. ווען איין ברודער אם ריער איזט, האט ער ניט דאס רעכט צו פאָדערען דאס וואָרט, אויך פאָלט ער אָפּ פון דיא בענעפיט דער חברה; קיין שבעה געלד אונד קיין מנין, לבד קרקע.

ארטיקעל 3.

# נאמענאציאן פון דער חברה.

§ 1. דיא אפיסערס ווערען ערוועלט אלע 6 מאנאט דורך וואוטס הוהמ״פ וחוהמ״ס.

§ 2. צווייא מיטינגס בעפאָר עלעקשען ערעפענט דער פרעזידענט נאמינאציאן פיר בעאמטע, צום דריטען מיטינג חוה״מ איז עלעקשען.

§ 3. דער פרעזידענט ערוועהלט 2 אדער 3 ברידער וואס זאָלען שטיין ביים שטימקאסטען אונד זעהען דאס דיא ברידער זאָלען זייערע וואוטס ריכטיג אבגעבען אונד נאכהער איינע ציילונג מאכען. נור קיינע פערוואנדטע פאן דיא בעאמטע פאן יעצט, אויך פאן דיא בעאמטע אויף וועלכע מען געהט יעצט שטימען טאהר ער ניכט אפאָינטען.

§ 4. דער קאנדידאט וואס האט מעהר שטימען אדער וואוטס ווערט ערוועלט, ווען 2 קאנדידאטען

גלייכע שטימען אדער וואוטס האבען קען דער פרעזידענט מאכען דיא מעה־הייט מיט זיין עקסטרא׳ן וואוט וואס ער האט סעפּרעט, אונד ווען ער וויל ניט געבען זיין וואוט, מוס זיין גורל.

§ 5. אלטע בעאמטע וואס געגען זייא לויפען נייע בעאממע אונד האבען גלייכע שטימען אדער וואוטס, דאן מוס פארבלייבען דער אלטער אונד דער פרעזידענט האט קיין רעכט זיין עקסט־א׳ן וואוט צו געבען.

§ 6. צום נאמינייישיאן אום צום וואוטען זיינען בערעכטיגט נור דיא ברידער וועלכע זינד דאבייא.

§ 7. דיא וואוטס מוזען נור שריפטליך זיין.

8. אלע אפיסערס וועלכע ווערען ערוועהלט קענען זייער אמט ניכט איבערנעמען וואו זיי ווערען ניכט פרייא פאן שולדען אין דער חברה.

9. איין נאמינירטער ברודער וועלכען מען האט מיט פערזעהען ערוועהלט, היינו ער איזט צו דער צייט אין ריער געוועזען, איזט זיין נאמענאציאן געזעצליך ניט אנערקענט נור ווען ער בעצאהלט דיזען אבענד, ואנסט, האבען דיא ברידער דאס רעכט ואפארט איין אנדערען קאנדידאט אויף זיין שטעלע צו וועהלען.

ארטיקעל 4.

## וואהל דער בעאמטען.

§ 1. פאר פרעזידענט אונד וויס־פרעזידענט איז גילטיג נור דער יעניגער וועלכער האט שוין איין אמט בעפאר געהאט אין דער חברה.

§ 2. אלע נייע אפיסערס ווערען אינסטאלירט דעם ערשטען מיטונג וואס נאך עלעקשען.

§ 3. געבארענע ברידער קענען צוזאמען קיינע בעאמטע זיין.

§ 4. דער אלטער פרעזידענט מוס אלע דאָקו־מענטען וואס בעלאנגט אין דער חברה און אונטער זיין האנד איזט, דעם נייעס פרעזידענט איבערגעבען.

§ 5. דער נייער ערוועהלטער פרעזידענט מוס זיין הייליגען פערשפרעכען געבען דיא געזעצע צו היטען.

ארטיקעל 5.

## פפליכטען דעם פרעזידענטען.

§ 1. דער פרעזידענט איזט פערפליכטעט צו קאמען צו יעדען מיטינג רעגעלע אונד דיא מיטינגס פינקטליך צו ערעפענען.

§ 2. ווען דער פרעזידענט קומט ניט 3 מאהל רעגעלע צום מיטינג, דאן ווירד ער אהנע דעבאטען זאפארט פון זיין אמט סוספענדירט.

§ 3. דער פרעזידענט מוס דורך דעם האמער־שלאג אנקונדיגען, דאס דער מיטינג איזט געזעצליך אפפען.

§ 4. דער פרעזידענט דארף אלע שבת וי"ט אין שול קומען און אכטונג צו געבען דאס אלעס זאל אין ארדנונג זיין און מכבד זיין איין בע"ת אין הוצאה והכנסה ופתיחה.

§ 5. ווען ח"ו איין ברודער קראנק איזט, דאן איזט ער פערפפליכטעט יעדען שבת איהם מבקר חולה זיין.

§ 6. דער פרעזידענט איזט פערפפליכטעט דיא ארדנונג אם שטרענגסטען צו האלטען.

§ 7. ווען איין גוטשטעהענדער ברודער פאדערט דאס ווארט, זאפארט צו בעווילינגען.

§ 8. קיין צווייא־געשפרעך אין מיטינגס צייט.

§ 9. דעם טשארטער אונד דעם באנק בוך אין זיין שוץ צו האלטען אין צו יעדען פינאנס קאמיטע צו צייגען.

§ 10. אלע טשעקס מוסען פאן פרעזידענט זיין אונטערשריבען.

§ 11. ביי איין טויטען פאל ר"ל בייא איין ברו־דער אליין, ווען דער פרעזידענט איז צו הויזע אונד ער קומט ניכט דאן ווערט ער מיט 3 דאלער בעשטראפט אונד איין מאנאט פון זיין אמט סוספענדירט.

§ 12. ווען דער פרעזידענט מאכט איין קלאגע געגען איין ברודער, דאן אין דיא צייט פון דיא קלאגע פער־האנדלונג מוס ער דעם טשער פערלאסען.

§ 13. ווען עס קאמט איין קלאגע געגען דעם פרעזידענט אונד דיא קלאגע איזט אנגענאמען ווארדען דאן מוס ער דעם טשער פערלאסען פיר דיא צייט פון דיא קלאגע־פערהאנדלונג.

§ 14. ווען דער פרעזידענט פינדעט אויס דאס איין גוטשטעהענדער ברודער אין נאטה איזט דאן קען ער איהם אליין מיט 3 דאלער אהנע דעם בעשלוס פאן דיא חברה אונטערשטיצען.

§ 15. ווען דער פרעזידענט וויל דעם ברודער מיט מעהר אונטערשטיצען, דאן מוס ער דאס דיא ברידער מעלדען.

§ 16. דער פרעזידענט האט דאס רעכט צו יעדער צייט איין עקסטרא מיטונג צו מאכען.

§ 17. דער פרעזידענט מוס דיא ריער ליכט ביי זיך האבען.

§ 18. יעדע אויסגאבע דיא ברידער מיטצוטיילען.

§ 19. דער פרעזידענט מוס אלע 3 מאָנאט איין פינאַנס קאמיטע ערוועהלען.

§ 20. דער פרעזידענט האט דאס רעכט דיא ביכער פון סעקרעטער צו נעהמען, ווען ער פיהרט ניט אין ארדנונג, ביין רעגעלען מיטינג.

ארטיקעל 6.

# פפליכטען פון וויס־פרעזידענט.

§ 1. דער וויס־פרעזידענט מוס אימער זיין צו הילפע דעם פרעזידענט אונד אין זיין אבוועזענהייט זיין שטעלע צו פערטרעטען.

§ 2. דער וויס־פרעזידענט מוז אויך ביי יעדען מיטינג זיין און זעהען אז עס זאָלל ריכטיג פערהאנדעלט ווערען יעדע זאך אין גוטע אָרדנונג.

§ 3. דער וויס־פרעזידענט איזט אימער דער טשערמאן פון דיא פינאנס קאמיטע ער האט אויך נאכצוזעהען דיא ביכער אונד אלע געלדער, צו זייא זיינען אין ריכטיגען ארדנונג.

§ 4. מאנכעס מאהל ביי איין מיטינג ווען דער פרעזידענט פיהרט ניט ריכטיג אין ארדנונג קענען דיא מעמבערס אפעלירען צום וויס־פרעזידענט, ער

ואל דאס בריינגען אין ריכטיגען אָרדנונג אונד דער פּרעזידענט קאן ניט קאמפּליינען נאָך ויין ענטשיידונג.

§ 5. אויך מוז ער איין מאָל אין וואך איין קראנקען אדער אין שבעה ר״ל בעזוכען.

ארטיקעל 7.

# פפליכטען פון פינאנס סעקרעטער.

§ 1. יעדער סעקרעטער הן א ברודער אונד ניכט קיין ברודער מוס דיא ביכער אין ארדנונג אונד אין ריינעם זשארגאָן פיהרען, יעדער איינער זאָל קענען פערשטעהן.

§ 2. אלע קווארטאל נאטים אויסצושיקען אונד איין ריכטיגען רעכנונג צו געבען ווען איין ברודער פאדערט פון איהם.

§ 3. שבת וי״ט מוס ער אין שול קאמען אין צייט פון דאוונען און שנדר געלט אין בוך איינצולייגען.

§ 4. דיא ריער ליסט ריכטיג דעם פּרעזידענט איבער צו געבען.

§ 5 אלע געלדער אין עמפפאנג צו נעהמען אונד דעם טרעזשורער געגען קוויטונג איבערצוגעבען אונד ענדע מיטינג מוס ער פארלעזען איננאהמע און אויסגאבע.

§ 6. ביי איין טויטען־פאל ר"ל מוס ער דער ערשטער קומען און דיא ברידער לויט בוך אב־צורופען.

§ 7. ווען דער סעקרעטער קאמט ניכט 2 מאהל רעגעלע צום מיטינג דאנן ווירד ער זאפארט פאן זיין אמט סוספענדירט.

§ 8. ווען דער סעקרעטער ח"ו קראנק איזט, אונד קאן צום מיטינג ניכט קאמען, אדער ער פער־רייזט האט אין געשעפט אנגעלעגענהייטען דאנן מוז ער דיא ביכער צום פרעזידענט אפשיקען.

§ 9. ווען איין גוטשטהענדער ברודער מעלדעט איהם דאס ער איז קראנק ח"ו דאנן מוס ער זא־פארט אפוינטען א קאמיטע פון 5 פערזאן דורך פאסטעל קארדס נאר קיינע פערוואנדטע פאן דעם ברודער יעדער איינער זאל אפשטאטען איין בעזוך אין בעזאנדערע טעג, אויך מוס ער שיקען איין פאסטעל קארד צום פרעזידענט און מעלדען איהם ווער דיא קאמיטע איזט.

§ 10. ווען דער פרעזידענט וויל דיא ביכער האבען אום עטוואס צו רעגולירען דאנן מוז ער זייא ביים רעגעלען מיטינג פאדערן.

ארטיקעל 8.

# פפליכטען פאן פראטאקאל סעקרעטער

§ 1. בייא יעדער מיטינג מוס ער זיין, אויך מוס ער ריכטיג דעם פראטאקאל אונד אלע פערהאנד־לונגען ביים מיטינג אין בוך איינשרייבען.

§ 2. ער מוז בייא יעדען מיטינג דעם פרא־טאקאל פאן לעצטען מיטינג פארלעזען און שרייבען דעם רעכנונג פאן איננאהמע אונד אויסגאבע.

§ 3. ווען דער סעקרעטער קומט ניכט צווייא רעגעלע מיטינגס, ווערט ער פאן זיין אמט סוספענ־דירט.

ארטיקעל 9.

# פפליכטען דעם טרעזשורער

§ 1. דער טרעזשורער מוס סעקיוריטי געבען. דערווייל איז אונזער סעקיוריטי 20 דאללאר.

§ 2. ער מוס בייא אללע מיטינגס אנוועזענד זיין אונד אללע געלדער פאן פינאנס סעקרעטער צונעהמען אונד אונטערשרייבען, אויך אללע אויס־גאבען מוזען דורך זיין האנד דורכנעהן.

§ 3. אַללע אנווייזונגען פאן פּרעזידענט אונד סעקרעטער מיט דעם זיעגעל פאן חברה מוס ער גלייך אויסצאהלען.

§ 4. בּיז 25 דאללאר קען ער האלטען בייא זיך, מעהר וויא דיעזע סוממע מוס ער דורך דיא טרוסטיעס איבּערגעבען אין באנק אויף דעם נאמען פאַן דער חברה, דעם בּאנק־בוך מוס ער א־בער־געבען דעם פּרעזידענט.

ארטיקעל 10.

# פפליכטען דער טרוסטיעס

§ 1. דיא טראָסטיעס מוססען דיא שוהל אין צייט פון דאוונען און לייענען אונד צו יעדער פער־זאממלונג אין ארדנונג האלטען, אונד קיינעם דאס רעכט געבען זיך צו אונטערהאלטען.

§ 2. דער ער־שטער אונד צווייטער טראסטיע פינדען זיך אין מיטינגס־צייט בייא דער רעכטער האנד פון פּרעזידענט אונד דער דריטער אונד פיער־טער טראסטיע, ביים וויים פּרעזידענט.

§ 3. ווען מען בּרויכט געלד צו דעפּאזיטען אדער ווען מען ברויכט געלד פאן דיא בּיינק צו ציהען, דאן מוס דער ערשטער טראסטיע מיט דעם פּרעזידענט

מיטגעהען. קיין געלד זאל ניט געצויגען ווערדען אָהנע בעשלוס דער חברה.

§ 4. יעדער טראסטיע האט דאס רעכט צו בע־שטראפען מיט 25 סענט ווען דער ברודער וויל ניט פאָלגען דיא אָרדנונג פון דעם טרוסטיע.

§ 5. ווען איין טראסטיע ווירד פון זיין אמט סוספענדירט, דאן מוס איין אנדער טרוסטיע אויף זיין שטעלע ערוועהלט ווערדען.

§ 6. ווען איין טראָסטיע קומט ניט 3 מאל רעגעלע צום ראוונען אדער ער קומט ניט 3 מאָל רעגעלע צום מיטינג דאן ווירד ער געזעצליך בע־שטראפט— סוספענדירט פון זיין אמט.

§ 7. בייא יעדער אבוועזענהייט, אויסער קראנק־הייטען אָדער פעררייזט פון דיא סיטי, ווערט ער מיט 25 סענט בעשטראפט.

ארטיקעל 11.

# קראנקען קאמיטעע.

§ 1. ווען איין ברודער, וועלבער גוטשטעהענד איזט אונד ער האט זיך געמעלדעט צום פינאנס־סע־קרעטער דאס ער איז קראנק, דאן מוס ער זאפארט קראנקען קאָמיטעע ערהאלטען.

§ 2. ווען דיא קראנקען קאמיטעע בעריכטען

דאס איין ברודער קראַנק אונד נאטהליידענד איזט, דאן איז דיא חברה פערפפליכטעט איהם צו אונ־טערשטיצען נאך דעם בעשלוסס פאן דיא ברידער.

§ 3. ווען איין ברודער קראנק איזט פון איין אונמאָראלישע קראנקהייט, דאן איז ער אבגעוויזען פון אללע בענעפיטען דער חברה.

§ 4. ווען איין ברודער אין האספיטאל קראנק איזט דאן בעקומט ער צווייא מאל דיא וואכע בעזוך לויט פארשריפטען דעם האספיטאל. קאר - פעיר פיר דיא קאמיטעע מוז דיא חברה בעצאהלען.

§ 5 ווען איין ברודער אדער זיין פרויא אַיזט ח״ו גוסס אונד עס איז נאטהווענדיג שמירה — דאן מוס דיא חברה בעזארגען שמירה.

§ 6 בייא אנשטעקענדע קראנקהייטען ר״ל איז מען פאַן שמירה אונד קראנקען קאמיטעע ניכט פערפפליכטעט.

ארטיקעל 12.

# שטראפען דער חברה.

§ 1. ווען איין ברודער ווערט אפאָינטעט פון פרעזידענט אין איין קאמיטעע צו בעזוכען איין קאנ־דידאט, קען ער זיך ניט ענטזאגען סיידען ער גיט אָן דיא אורזאכע ווארום ער קען דאס ניט אננעהמען.

§ .2 ווען א ברודער קריגט א פאסטיל־קארד פין סעק־עטער צו זיין בייא הלוית המת ר״ל אונד ער קומט ניט, ווערט ער בעשטראפט מיט 2 דאללאר.

§ .3 ווען איין ברודער ניכט אטענדעט צו איין קראנקען קאמיטעע, וועלכער האט א פאסטיל קארד פון סעקרעטער בעקומען, דאן ווערט ער בעשטראפט מיט איין דאללאר.

§ .4 ווען איין ברודער צום ארדנונג גערופען ווירד אונד ער פאָלגט ניט דאן ווירד ער מיט 25 סענט דעם ערשטען מאל בעשטראפט, דעם צווייטען מאל מיט 50 סענט, דעם דריטען מאל מיט איין דאללאר אונד א מאנאט אין דער ריער.

§ .5 ווען דער ברודער דאן ניכט פאלגט, האט דער פרעזידענט דאס רעכט דורך דיא טראָסטים איהם ארויספיהרען, אונד 5 מאנאט מיט 29 טעג סוספענ־דירען אונד אלע בענעפיט דער חברה אבצושניידען.

§ .6 ווען א ברודער בעליידיגט עפענטליך איין בעאמטען אדער א מעמבער פון דער חברה, אין שוהל ביים דאווגען אדער ביים מיטינג, ווערט ער דאס 1טע מאל מיט 50 סענט בעשטראפט אונד דאס 2טע מאל לויט בעשלוסס דער חברה.

§ .7 ווען איין ברודער נעהמט אן איין קאָמיטע

אונד ער אטענדעט ניט אָדער ער קומט ניט אָפּגעבּען איין בעריכט, ווירד ער מיט 25 סענט בעשטראפט.

§ 8. ווען איין ברודער פאנגט אן צו רעדען, אהנע דאס ווארט צו בעטען, קריעגט ער ניט דאס וואָרט דיזען מאמענט ביז שפּעטער.

§ 9. ווען איין ברודער דעם אנדערן צו ארדנונג רופט. לבד דעם פּרעזידענט ווירד ער מיט 25 סענט בּעשטראפט.

§ 10. ווען איין בּרודער האנדעלט געגען דיא פאָרגעשריבּענע געזעצע, דאן ווירד ער מיט געזעצ־ליכע שטראפע בּעשטראפט.

ארטיקעל 13.

# בענעפיט דער חברה.

§ 1. יעדער ברודער, וואס איזט גוטשטעהענד האט דיא פאלגענדע רעכט אונד בענעפיט דער חברה.

§ 2. ביים אבלעבען ביא איין ברודער, ווען דער ברודער מוס שבעה זיצען, מוס ער זאפארט 5 דאללאר שבעה געלד פאן דיא קאססע ערהאלטען זאלאנגע דער ברודער דיא פאָללע שבעה זיטצט.

§ 3. ווען עס טרעפט ר״ל א סיבּה בּייא איין ברודער, דאס איין קינד שטארבט, איזט דיא חברה פערפפליכטעט צו געבען: ביז 5 יאהר אלט א באָגי

פון 5 ביז 12 יאהר, א טויטען וואגען; און איבּ ח״ו מעהר וויא 12 יאהר אלט, ווירד אויך א פאמיליע־קערעדוש אונד איין מנין געגעבּען.

§ 4. איינע טאכטער איז אונטערען שוטץ פאן דעם פאטער ביז דער חתונה אונד איין זאהן ביז 18 יאהר אונד בּיים אבלעבען מוס דיא חברה אללע עקספּענסעס געבען.

§ 5. ווען איין גוטשטעהענדער ברודער אדער שוועסטער שטארבט, מוס דיא חברה איין פאמיליע־קערעדוש, איין קערעדוש פיר דיא חברה קדישה אונד איין טויטען־וואגען געבען.

§ 6. אין דעם אבּלויף פון איין יאהר מוז דיא חברה איינע מצבה שטעלען, וועלכע זאל קאסטען 10 דאלאר פיר א מאן אדער פיר א פרויא, אונד פיר איין קינד בּעפאר 12 יאהר, א דאלער און א האלב, איבּער 12 יאהר פיר 5 דאלאר. ווען דיא פאמיליע וויל א שעהנערע מצבה מוזען זיי בּייטראגען דיא איבּריגע געלד וויפיל זיי ווילען ספּענדען אין דער חברה, און עס מוז געהן אויף דעם נאמען פון דער חברה, אונד ווען זיי ווילען נור אליין שטעלען, פערלירען זיי דיא געלד פון דער חברה און זייא קענען גאר ניט פאָדערען.

§ 7. אללע הצטרכות המת, קיין אויסנאהמע, ארעם אדער רייך, מוז דיא חברה געבּען.

§ 8. בעת הטהרה פון איין מעמבער אַדער מעמבערין מוס דיא חברה איין מנין מענשען געבען תהלים צו זאגען.

§ 9. צעהן פון דיא ברידער מוסען מיטפאהרען, וועלכע דער פּ־עזידענט מיט דעם גבאי פון חברה קדישא אפּאָינטען.

§ 10. ביים אבלעבען פון איין גוטשטעהענדען ברודער, בעקומט דיא פרוי אָדער דיא קינדער: זכרים וואס ויינען אונטער 18 יאהר, טעכטער וואס ויינען ניט פערהייראטה, פאן יעדען גוטשטעהענדען ברודער 1 דאללאר.

§ 11. דאס געלד ווירד זאָפארט אויף דיא ברידער געטעקסט אונד אין פערלויף פאן 60 טעג בעקאמען וייא דאס געלד אויסגעצאהלט.

§ 12 ווען א ברודער בעלאנגט אין דער חברה אונד ויין פרויא ר״ל שטארבט אונד ער נעהמט א צווייטע פרויא, מוז ער פאר איהר איינצאהלען: אויב בעפאר 40 יאהר אלט 5 דאללאר, אויב עלטער פון 40 יאהר 10 דאללאר, זאנסט בעלאנגט זיא ניט אין דער חברה.

§ 13. ווען איין מעמבער נעהמט דיא 2טע פרוי אונד זיא בעלאַנגט שוין אין דער חברה, און דער

ברודער שטארבט ר״ל אין דעם ערשטען יאהר וואס ער האט איהר געהייראטה, דאן בעלאנגען דיא דא־לערס צו ויינע קינדער, וואס ויינען אונטער 18 יאהר אונד ניט צו דער פרוי אינד ווען קיין קינדער איז ניכט דא בעלאנגט דאס צו דער חברה. אונד אויב ער שטארבט ר״ל נאכ׳ן יאהר און עס איז פאראן קינדער, קומט העלפט דיא קינדער און העלפט דיא פרוי; און אז קיין קינדער איז ניטאָ בעלאנגט דאס צו דער פרוי.

§ 14. איינע מעמבערין, וועלכע איהר מאן איז געשטארבען און זיא וויל דאס געצאהלטע געלד ניט נעהמען און וויל עס דער חברה איבערלאזען למוכרת נצח, פערבלייבט זיא א מעמבערין מיט איהרע קינ־דער ביז זיי הייראטען און האט דאַס רעכט צו אללע בענעפיטע דער חברה און איז פריי פון אללע ביי־טרעגע און טעקס פון דער חברה.

§ 15. איין מעמבערין, נאכהער וויא זיא האט ער־האלטען איהרע אויסגעצאהלטע געלד און זיא וויל איהרע דיוס יעדען מאָנאט צאהלען, ביז זיא פער־הייראטעט זיך, קען מען איהר ניט ענטרעכטען פון דעם בענעפיט דער חברה.

§ 16. איין מעמבער, וועלבער הייראט איינע פרוי און זיא האט קינדער פון ערשטען מאן, דאן גע־

הערען איהרע קינדער ניט צום בענעפיט דער חברה.

§ 17. איין מנין מוס דיא חברה געבען אין דיא הויז וואו דער טויטענפאל געטראפפען האט אדער וואו דער עלטסטער זאהן זיצט שבעה אבער ווען ער נאך צו איין חברה בעלאנגט, דאן בעקומט ער בלויז א העלפט מנין.

§ 18. ווען ח״ו איין ברודער אדער מעמבערין שטארבט פון אנשטעקענדע קראנקהייטען, דאן, דיא אלע הוצאות, וועלכע מוז קאסטען ביי אזא טויטענפאל, מוז דיא חברה דיא האלבע הוצאות געבען און האלבע עקזפענסעס ווירד אויף דיא ברידער געטעקסט.

§ 19. ווען איין ברודער שטארבט פון אונמאר־ראלישע קראנקהייטען, איזט ער פאן אללע בענעפיט דער חברה ענטצאגען לבד קרקע.

§ 20. אלע יאהר־צייט פון אבלעבען דעם ברו־דערס מוז דיא חברה לאזען קדיש זאגען, ווען קיין זוהן ניכט פאראן.

§ 21. ווען א מעמבער שטארבט אונד לאזט ניט איבער קיין זיהן, מוס דיא חברה איין גאנצעס יאהר לאזען קדיש זאגען אונד דער געדונגענער קדיש האט דאס זעלבע רעכט גראדע וויא איין זאהן פאן דעם פערשטארבענעם ברודער.

§ 22. ווען איין ברודער בעלאנגט צו נאך איין חברה אונד דיא אנדערע חברה וויל דעם פערשטאר־בענעם ברודער אלע הצטרכות המת געבען אונד אויך בעערדיגען, דאן מוז דיא פאמיליע 15 דאללאר פון אונזער חברה בעקומען אונד אַ האלבען מנין.

§ 23. איין ברודער, וועלכע אויסער בראנזוויל וואהנט, צום ביישפיעל: אין ברוקלין, וויליאמסבורג, לאָנג איילאנד סיטי, ניו יארק, הארלעם, מאָריסיניע, דזשוירזי סיטי, פאסייעק, אונד עס טרעפט א טאָדעס־פאל ר״ל מוז ער אלע הוצאות המת בעקומען אויסער מנין. אונד דער וואס געפינט זיך ווייטער פאן דיא אָבענגענאנטע ערטער, מוז ער געבראכט ווערען אויף זיינע אייגענע הוצאות אונד דאן דארף דיא חברה איהם בעערדיגען.

§ 24. ווען איין ברודער קראנק איזט ח״ו און ער וואהנט אויסער בראָנזוויל אין דיא אבענגענאנטע שטעדט, דאן מוז ער קריגען איין מאל אין וואך א קראנקען קאמיטעע פון איין מאן מיט דעם שמש, אונד דער וואס געפינט זיך נאך ווייטער פאן דיא ערטער, קריגט ער ניט קיין קראנקען־בענעפיט.

§ 25. דיא בענעפיט פאן דעם ברודער, וועלכע זיין פאמיליע אין אייראָפּא איזט מוז זאפארט דורך איין טשעק אבגעשיקט ווערען.

§ 26. ווען איין ברודער שטארבט אונד זיין פאמיליע אין איירא‍ָפא איזט, דאן מוז דיא חברה 4 וואכען נאָך זיין טויט קדיש זאגען לאססען.

ארטיקעל 14.

# דאס רעכט פאן דיא בריעדער.

§ 1. ווען דיא ברידער פערלאנגען איין עקסטרא מיטינג פון פרעזידענט און דער פרעזידענט וויל ניט געשטאטען, דאן מוסען 10 גוטשטעהענדע מיטגלידער איין שרייבען געבען, דאס זיי פערלאנגען איין עקסטרא מיטינג און אנגעבען דיא אורזאכע, און דער פרעזי־דענט מוז זייא א מיטינג איינבערופפען לאססען.

§ 2. ווען דיא ברידער פינדען אויס דאס דיא בעאמטע האנדלען געגען דיא קאָנסטיטושען, דאן קענען זייא איין קלאגע איינריכטען פאן 10 גוטשטעהענדע מיטגלידער אונטערצייכנעט און ביים נעקסטען מיטינג איהר צו פערהאנדלען.

ארטיקעל 15.

# תקנת הבית הכנסת.

§ 1. אין שוהל מוז מען מתפלל זיין כמנהג פּאָלען וליטא.

§ 2. זאָ באלד וויא דער שמש אנקונדיגט עת התפלה, מוס יעדער איינציגער זיין סיט נעהמען, ולא

לשיח מאומה בעת התפלה. עס איז שטריינג פערבאטען צו ריידען בעת התפלה וקריאת התורה און דער יעני־גער וואס וועט ניט אויספאָלגען וועט געזעצליך שטראַ־פירט ווערען.

§ 3. יעדער איינצעלנער סיט ווירד פערקויפט לויט בעשלוס דער חברה. דאס אלעס איז אין דער צייט ווען מען איז אין איין געדונגענע שוהל, אבער בעז״ה, אז מען וועט קויפען איין אייגענע שוהל און מען וועט פערקויפען סיטס, דאן ווער עס וועט ניט קויפען קיין סיט, וועט ניט קענען אננעהמען דאס אמט פון פרעזידענט אונד וויים פרעזידענט.

§ 4. א חזן מוס זיין איין איש יהודי כשר אונד ניט אין קאנטרע פערלען בעשרת ימי התשובה.

§ 5. ווען איין מעמבער מאכט חתונה איין טאָכ־טער מוס ער דיא חופה פון שוהל נעהמען אונד 2 דאלער געבען אין דער חברה.

§ 6. יעדער גוטשטעהענדער מעמבער, וועלכער וויל ראש השנה ויה״כ איין עליה האבען מוז ער קויפען. מפטיר יונה און פתיחת נעילה, איז גאנץ געלד.

§ 7. איין מעמבער, וועלכער אם ריער איזט אונד פערלאנגט איין עליה ר״ה ויו״כ, מוז איין גוטשטעהענדער ברודער פיר איהם גוט זאָגען.

§ 8. דיא עליות בעת הזכרת נשמות אם שני של שבועות, שמיני עצרת ואחרון של פסח בעלאנגט צו חברה קדישא.

§ 9. דיא שנדר געלד פון דיא גענאנטע טאגע בעלאנגט צו חברה קדישא.

§ 10. אתה הראת, חתן תורה וחתן בראשית אונד מפטיר פון שמחת תורה, ווירד פובליק פער-קויפט אונד קיין חזקה וכל המוסיף זכה.

§ 11. ליל שבועות וליל הושענה רבה זינד דיא עקספענסעס נאך בעשלוס דער חברה.

§ 12. קיין ברודער האט דאס רעכט קיין חזן צו הייסען געהן מתפלל זיין, נור דער פרעזידענט, אבער ווען ער איז אבוועזענד, קען דער גרעכטער בעאמטער, וואס איז אין שוהל, הייסען מתפלל זיין.

ארטיקעל 16.

# חברה קדישא.

§ 1. צעהן חברה קדישה לייט מוסען זיין.

§ 2. אללע יאהר ט״ו כסלו מוזען דיא חברה קדישא וואהל האבען פיר גבאי ראשון אונד גבאי שני אונד שמש.

§ 3. ווען עס טרעפט א טויטענפאל ר״ל מוז מען דעם גבאי מעלדען און ער מוז אויך באלד ביים

שטעל אונד פלאץ זיך איינפינדען.

§ 4 ווען איין חברה־קדישא ברודער בעקומט נאטיס פון דיא בעלי מתעסקים אָדער דורך דעם שמש פון דער חברה צו קומען אל טהרת המת ואל כל צרכי המת אונד ער קומט ניט, דאן ווירד ער זאפארט מיט 1 דאלער בעשטראפט און ווען ער וויל ניט בעצאהלען, ווערט ער פון חברה קדישא סוספענדירט.

§ 5. ווען דער גבאי אָדער דער שמש קאמען ניט דאן ווערדען זייא מיט 2 דאלאר בעשטראפט אונד פון זיין אמט סוספענדירט.

§ 6. אלע יאהר, טו' כסלו מוססען זייא אויף קאָסטען דער חברה פאהרען על שדה הנצח אונד קדיש אונד אל מלא רחמים מאכען לאססען. אונד דארפען בעקומען 10 דאלער פון חברה אויף א סעודה.

§ 7. טהרת המת אונד הלבשת המת, מוז זיין כמנהג פוילען וליטא דוקא, כל זמן דיא חברה איזט חברה.

ארטיקעל 17.

# פפליכטען דעם פינאנס קאמיטעע.

§ 1. אלע 3 מאנאט דארף איין קאמיטעע אַפּאָינטעט ווערדען וועגען דיא ביכער נאכצוזעהען.

§ 2. ווען דיא קאמיטעע אטענדעט ניכט, דאן ווערדען וייא זאפארט סוספענדירט פון זייער אמט אונד איינע געלד שטראפע פון 50 סענט.

§ 3. דאס פינאנס קאמיטעע מוז איין ריכטיגען בעריכט אין חברה צום מיטינג בריינגען פון איינ־נאהמע אזן אויסגאבע פיר דיא פערגאנגענע 3 מאָנאט אונד מיט זייער אונטערשריפט בעשטעטיגען.

ארטיקעל 18.

# מעמבערשיפ.

§ 1. ואָבאלד א ברודער פיר 2 קווארטאלען בעצאהלט ניכט, ווירד ער זאָפארט געשטריכען.

§ 2. אין דעם אבלויף פאן 6 מאנאט אונד דער ברודער וויל פיר איין קווארטאל בעצאהלען, דאן מוז מען איהםווארטען.

§ 3 ווען ער וויל גוטשטעהענד בלייבען, דאן מוז ער אללע שולדען פער בוך בעצאהלען.

§ 4. בעפאר דער מעמבער ווירד געשטריכען מוז ער איין גערעדושעסטען לעטער בעקומען דאס זיין צייט איזט צום סוספענדירען.

§ 5. נאך דעם גערעדושעסטען לעטער, ווען דער מעמבער קומט ניכט בעצאהלען, דאן ווערט ער זאפארט געשטריכען.

§ 6. ווען א ברודער צאהלט אפ 5 יאהר און ער איז גוטשטעהענד, ברויך ער מעהר ניט צו צאהלען קיין דיוס נאָר ער מוז צאהלען דיא 2 דאלאר גלייך וויא אלע ברידער האבען צו צאהלען 2 דאלאר א יאהר הין דיא דיוס, אונד דאס קען זיין דורך שנדר, דאס מוז בעצאהלט ווערען ביז יום כפור, לבד טעקס, וואס מוז בעצאהלט ווערען גלייך מיט אלע ברידער, אבער ווען ער צאלט ניט, קען ער געשטריכען ווערען פון חברה.

§ 7. ווען איין ברודער וויל איין שטענדיגען מנין מאכען בייא זיך טאר ער ניט מאכען לעבען שוהל נאר 3 בלאק ווייט.

ארטיקעל 19.

# פערבעסערונג אונד נייע געזעצע.

§ 1. ווען איין פאָרשלאג צור פערבעסערונג אָדער צו איינעם נייען געזעץ געמאכט ווירד, זאָ מוז זאלכעס דער חברה שריפטליך פארגעלעגט ווערדען אונד ביז צו איין גענעראל פערזאמלונג צום פערהאנד־לונג איבערלאססען ווערדען אונד ווען 2/3 דריטעל דער אנוועזענדען מיטגלידער דאפיר שטימען, זאָ ערהאלט דיא זעלבע געזעצע קראפט.

§ 2. עס קאן קיין טהיל פאָן דיעזער געזעצע וויעדערופען יעדאָך פערבעסערט ווערדען.

ארטיקעל 20.

## געשעפטס־פיהרונג.

1. פארלעזען דער בעאמטען ליסטע.

2. פארלעזען דאס פראטאקאל פאן לעצטען פערזאמלונג.

3. קאמיטעע בעריכט איבער פארגעשלאגענע קאנדידאטען אונד איינפיהרונג דערזעלבען.

4. פארשלעגע פון נייע קאנדידאטען.

5. בעריכט איבער קראנקע ברידער.

6. זאנסטיגע קאמיטעע בעריכט.

7. צושריפטען.

8. צום וואהל אונד בעסטען דער חברה.

9. איינגאהמען אונד אויסגאבען.

דאן ערקלערט דער פרעזידענט דיא פערזאמלונג פיר געשלאסען.

ארטיקעל 21.

## בעזאנדערע בעשטימונג ביים איינפיהרונג.

ביים איינפיהרונג זאל יעדער קאנדידאט פאלגענדע ערקלערונג אבגעבען. דער פרעזידענט זאגט דעם קאנדידאט פאר. דער פרעזידענט קען אבער אויך דען סעקרעטער בעאויפטראגען פארצוזאגען:

איך...... ערקלערע היערמיט אונד בעקרעפטיגע עס דורך מיינעם נאמען אונד אונטערשריפט, אינדעם איך יעצט אים בעגריפע פון איין מיטגליעד דער חברה עין יעקב צו ווערדען. דיא געזעצע דיעזער חברה טריי צו בעפאלגען. איך ערקלערע היערמיט צוגלייך, דאס איך כדת משה וישראל געטרויט בין אונד דאס מיין אנגעגעבענעס אלטער אונד געזונדהייט ריכטיג איזט. איך ערקלעהרע פערנער, דאס איך ניע מיסברויך פון דעם אייגענטהום דער חברה מאכען ווערדע, אונד דאס פאן דען פערהאנדלונגען דיעזער חברה ניכט אין שטראסען שפרעכען אדער אן ניכט מיטגלידער פערראטהען ווערדע.

